# צען לידער

(מיט געזאַנג)

פון

# עליזה גרינבלאט



פרייז 25 סענט



Published by ALIZA GREENBLATT
3755 Cypress Ave., Sea Gate
Brooklyn, N. Y.

ISBN: ISBN:0-657-14614-5
Barcode/EAN: 9780657146146



Made in U. S. A.

# צען לידער

(מיט געזאַנג)

פון

# עליזה גרינבלאט



פרייז 25 סענט



Published by ALIZA GREENBLATT
3755 Cypress Ave., Sea Gate
Brooklyn, N. Y.

Made in U. S. A.

פריינדין פלאנגעשויר
צו מתנה
פון: עליזה גרינבלאט

עליזה גרינבלאט



(ביטאלין פון חנה'לין צו מתנה)

# אינהאַלט:

פּיעזש

# שיפען געהען אויפ׳ן ים

געזונגען לויט׳ן ניגון (מיין זוהן הערבערט א מתנה)

פון: הים ראה וינוס.

Mit Shtolz

tzi ich mai-ne zeg-len on oif un-zer shif der
na-jer az fla-te-ren zol wais bloi fon a shtol-ze in a fra-je
Shi-fen gei-en o-fen jam bin ich doch der ka-pi-tan
fir ich un-zer ar-bet on oif a veg a nai-em

1

ציה איך מיינע זעגלען אָן,
אויף אונזער שיף דער נייער,
אַז פלאַטערען זאָל וויס־בלוי פאָן,
א שטאָלצע און א פרייע . . .
שיפען געהען אויפ׳ן ים:
בין איך דאָך דער קאַפּיטאַן,
פיהר איך אונזער ארבעט אָן;
אויף אַ וועג א נייען.

2

פיהרען וועל איך שיפען ווייט
דורך גרעסטען שטורעם:
פון מזרח און פון מערב זייט,
ביז צפון און ביז דרום.
שיפען געהען אויפ׳ן ים!
בין איך דאָך דער קאַפּיטאַן,
פיהר איך אונזער ארבייט אָן
אויף אַ וועג א נייען.

3

ס׳זענען מיינע אָרעמס שטאַרק,
שטאַרקער נאָך ווי אייזען,
וועלען מיר דער גאנצער וועלט,
א נייעם וועג באווייזען.
שיפען געהען אויפ׳ן ים;
בין איך דאָך דער קאַפּיטאַן,
פיהר איך אונזער ארבייט אָן,
אויף אַ וועג א נייען.

# דו, דו...

ארץ־ישראל׳דיק

*messig nit tzu shnel*

Chgei a rum baim breg fun jam un zuch dich als a rum — a
shtile - chval - je mur melt koim der tzoi ber fun dain shtim ——
du du du fun a le tzar - te blu ——— men du du
du du fun a le mai ne troi — men du - - du - du

1

כ"גיי ארוםביים ברעג פון ים,
און זוך דיך אלץ ארום,
א שטילע כוואליע מורמעלט קוים,
דער צויבער פון דיין שטום,
דו, דו . . .
פון אלע צארטע בלומען, דו, דו, דו, דו,
פון אלע מיינע טרוימען, דו, דו, דו, דו, . . .

2

שפרייטן זיך די הימלען אויס
העט גאנץ ווייט אוועק,
קומט א ווינטעלע צוגיין,
און קלאפט אָפּ ביים ברעג,
דו, דו . . .
פון אלע צארטע בלומען, דו, דו, דו, דו,
פון אלע מיינע טרוימען, דו, דו, דו, דו, . . .

3

סוד'ן זיך די ווינטלאך שטיל,
מיט געטליכען געזאנג,
און אין הארצען טיעף ביי מיר,
פלאטערט א פערלאנג, דו, דו . . .
פון אלע צארטע בלומען, דו, דו, דו, דו,
פון אלע מיינע טרוימען, דו, דו, דו, דו, . . .

4

נעמט מיין בענקשאפט ווינטלאך אויף,
און טראָגט אוועק אַ גרוס,
זאָגט אים אז אז איך בענק אזוי,
כ'גיי פון בענקשאפט אויס, דו, דו . . .
פון אלע צארטע בלומען, דו, דו, דו, דו,
פון אלע מיינע טרוימען, דו, דו, דו, דו, . . .

# די קבצנים

(דער אידישער קולטור געזעלשאפט א מתנה)

לויט׳ן מאטיוו פון דער גרינער קאָזינע

Munter un Shnel

hert nor hert vos s'hot zich do get — ro —— fen zei

ho — ben a ge — zel shaft zich ge — sha —— fen

i — dish iz bai zei gor oich a schoi —— re az

lei — ben zol Zit — lowski mit zain toi —— re

1

הערט נאָר הערט, וואָס ס׳האָט זיך דאָ געטראָפען,
זיי האָבען א געזעלשאפט זיך געשאפען,
אידיש איז ביי זיי נאָך אויך א סחורה,
אז לעבען זאָל זשיטלאָווסקי מיט זיין תורה . . .

2

וואָס ווייסען די יאָלדאקעס, די קבצנים,
האָט עס טאקע נעבאך אזא פנים,
אז לייוויק איז א דיכטער גאָר פון שמאטעס,
און רייזין איז דאָך איינער פון די טאטעס . . .

3

ב. צ. שרייבט פאר זיי די פעליעטאנען,
און שלום איש מ׳שטיינס געזאָגט ראָמאנען,
ניגער נעמט דעם עולם שוין אויף זיכער,
רש״י תוספות מאכט ער גאָר אויף ביכער . . .

4

געקומען איז גאָר אויך א כאָפּטע ווייבער,
און איבער נאכט געוואָרען זענען שרייבער,
שרה, רבקה, שפרה, אין אלע לענדער,
דרוקען זיך און בינדען זיך אין בענדער . . .

ה

געקומען איז דאָ קאדי נאָך א גרינע,
געוואָרען איז זי אַן אייגענע קאָזינע,
לידער שרייבט זי נייע אויך אָהן גראמען,
און מלכה לי טאנצט מיט איהר צוזאמען . . .

6

הערט נאָר הערט, עס איז דאָך גאָר א חידוש,
דער תנ״ך איז איבערזעצט שוין אויך אויף אידיש,
אידיש איז ביי זיי גאָר אויך א סחורה,
איך גלויב אין אידיש ווי אין משה׳ס תורה . . .

# רחל'ן

מיט דעם מאָטיוו פון ביאַליק'ס [illegible] הכניסיני

*Moderato*

zog fun va-nen kumstu bru — der fun a — — no - ent
wai ten land dort wu es gre nen unze re fel — — der in
blu — men — bli - en bai dem rand dort wu es gre nen unzere
fel — — der in blu - men - bli en bai dem rand,

1

זאָג פון וואנען קומסטו ברודער,
פון א נאָהענט ווייטען לאַנד ?
דאָרט וואו עס גרינען אונזערע פעלדער,
און בלומען בליהען ביי דעם ראַנד . . .

2

דערצעהל מיר פון דעם ים כנרת,
וואָס ציהט זיך מיילען־ווייט אוועק ;
וואו רחל האָט איהר ליעד אויסגעזונגען,
און איצטער רוהט זי ביי זיין ברעג . . .

3

זאָגסט מיר אז דער ים כנרת,
איז ווי א פידעל וואָס שפּילט א ליד,
כ'וואָלט אויך וועלען מיין מידען קאָפּ
דאָרט לייגען,
ווייל איך בין פון גלות מיד . . .

4

טאָ זעץ זיך לעבען מיר א נידער,
און גיב מיר אָפּ פון דאָרט א גרוס,
אפשר וועט אין הארצען ווערען גרינגער
ברודער ! כ'געה פון בענקשאַפט אויס

# ס'איז גוט צו זיין אַ פּיאָנערין

מוזיק פון ליפּא פיינגאָלד

Solo — choir fast — Solo — choir — Solo — choir, slow

Siz gut tzu zain a pi-o — ne — ren ze-nen mir ze-nen mir
ze-nen mir in a frai-hait kemper ve — ren kem-pen mir kem-pen mir
kem-pen mir Siz gut tzu boi — en in tzu gloi-ben
in a na-je tzu-kunft ve — ben ve-ben mir ve-ben mir ve-ben mir

1

ס'איז גוט צו זיין א פּיאָנערין,
זענען מיר —
און א פרייהייט קעמפּער ווערען,
קעמפּען מיר —
ס'איז גוט צו בויען און צו גלויבען,
און א נייע צוקונפט וועבען,
וועבען מיר! וועבען מיר! וועבען מיר!

2

מיט סערפּ און קאָסע, שטאָל און אייזען,
געהען מיר —
וועלען מיר, וועלען מיר וואונדער ווייזען,
וועלען מיר —
ס'איז אונזער לעבען אזוי שעהן,
אויף א נייעם וועג מיר געהן,
געהען מיר! נעהען מיר! געהען מיר!

3

קומט שוועסטער אלע, אין די רייען
קומען מיר —
לאָמיר זיך אליין באפרייען,
באפרייען זיך —
ס'איז גוט צו גלויבען און צו האָפען,
און א נייעם לעבען שאפען,
שאפען מיר, שאפען מיר, שאפען מיר.

# חלוץ

א־ין ייש־אר׳דיק

Munter

cho-lutz cho-lutz dos bin ich ich weis nit fun kain moi-re
un-zer land tzu a-ker ich — un ich tanz a ho — re
cho-lutz cholutz dos bin ich ich weis nit fun kain moi — re
un — zer land tzu a — ker ich — un ich tanz — a ho — re

רעפריין

חלוץ חלוץ דאָס בין איך,
איך ווייס ניט פון קיין מורא!
אונזער לאַנד צוהאַקער איך,
און איך טאַנץ די „האָרא" . . .

1

כ'האָב פאַרלאָזען טאַטע מאַמע,
שוועסטער ברידער אַלע,
און באַהעפט זיך מיט מיין לאַנד,
זי איז איצט מיין כלה . . .
חלוץ חלוץ . . .

2

ס'האָט מיין שטאַרקע האַנט געציינט,
דער וועלט שוין גרויסע וואונדער,
זעהט איהר אַלע גרעזעלאַך,
דאָס זענען מיינע קינדער . . .
חלוץ חלוץ . . .

3

ס'שמעקט מיט פעלד מיין יעדעם גליד,
מיט ערד צוהאַקערט פרישע,
און די ליבע צו מיין לאַנד,
טראָג איך בירושה . . .
חלוץ חלוץ . . .

4

פאַרזייען מיר א לעבען דאָ,
מיט חלוצים פייער,
וועט א יונגער דור אויפגעהן,
א שטאָלצער און א פרייער . . .
חלוץ חלוץ . . .

# פישער ליד

מוזיק פון עליזה גרינבלאט

moderato

fort a fish-er oi-fen jam er fort a-rois ba gi - nen es
hoft der fi sher min-has-tam fi she lach ge fi - nen
tra la la la la la la la fi she lach ge fi nen
tra la la la la la la la fi she lach ge fi - nen

1

פאָהרט אַ פישער אויפ׳ן ים,
ער פאָהרט אַרויס באַגינען,
ס׳האָפט דער פישער מן הסתם,
פישעלאך געפינען . . .
טרא לא לא, לא לא לא לא,
פישעלאך געפינען,
טרא לא לא, לא לא לא,
פישעלאך געפינען . . .

2

מורמלען כוואליעס שטיל פאַר זיך
דער ים איז אַ באַטריגטער,
צו איז דער ים אזוי ווי איך,
אויכעט אַ פאַרליבטער . . .
טרא לא לא, לא לא לא לא,
אויכעט אַ פאַרליבטער,
טרא לא לא, לא לא לא לא,
אויכעט אַ פאַרליבטער . . .

3

געה איך מיר ביים ברעג ים אָט דאָ,
און טו מיין חלום שפינען,
אפשר וועל איך ערגעץ וואו,
מיין ליבסטען נאָך געפינען . . .
טרא לא לא, לא לא לא לא,
מיין ליבסטען נאָך געפינען,
טרא לא לא, לא לא לא לא,
מיין ליבסטען נאָך געפינען . . .

4

קומט דער פישער טרויעריג,
ער האָט קיין פיש געפאַנגען,
און איך בין מורה־שחורה׳דיג,
אַ חלום איז פאַרגאנגען . . .
טרא לא לא, לא לא לא לא,
אַ הלום איז פאַרגאנגען . . .
טרא לא לא, לא לא לא לא,
אַ חלום איז פאַרגאנגען . . .

# אויגען צוויי

(לויט׳ן מאָטיוו פון אטשיטשארני)

Messig

Oi-gen Oi-gen tzwei i-be-ral ich zei wu ich
Shtei un gei dai-ne oi-gen tzwei zei far ki-she-fen zei far
shi-ke-ren, zei bag-lei-ten mich i-be-ral in fri

1

אויגען, אויגען צוויי,
איבעראל איך זעה,
וואו איך שטיי און גיי,
דיינע אויגען צוויי.
זיי פאַר׳כשופ׳ן,
זיי פאַר׳שכור׳ן,
זיי באַגלייטען דיך איבעראל.

2

אין פרי־מאָרגען בלוי,
אין פאַרנאַכטען טוי,
איך בענק נאָך דיר אזוי,
איך בענק נאָך דיר אזוי.
דיינע אויגען צוויי,
איבעראל איך זעה,
שווארצע אויגען צוויי,
א ליבעם קוואל . . .

3

אויגען פינקעלדיג,
אויגען ווינקעלדיג,
אויגען פייער פלאַם,
אויגען טיף ווי ים.
אויגען, אויגען צוויי,
איבעראל איך זעה,
שווארצע אויגען צוויי,
מיין אידעאל . . .

4

אויגען בעטענדיג,
אויגען גלעטענדיג,
אויגען פרעגענדיג,
אויגען רעגענדיג,
אויגען, אויגען צוויי,
איבעראל איך זעה,
שווארצע אויגען צוויי איבעראל.

# פיר מאסקאטירס

(מיינע חברות אין קענזעס סיטי)

געזונגען לויט'ן ניגון פון „קלינגנען גלעקער".

Messig

Siz di zun a gol-de-ne — shoin a vek un-ge-ze-gent un-ge-kusht zich mit di berg gei-en mir gei-en mir oif a shpat-zir bein-ken mir — bein-ken mir a—le fir

1

ס'איז די זון אַ גאָלדענע שוין אוועק,
און געזעגענט און געקושט זיך מיט די בערג.
געהען מיר, געהען מיר, אויף אַ שפּאַציר,
בענקען מיר, בענקען מיר אַלע פיר . . .

2

ציהען הימלען, ציהען הימלען ווייט און בלוי,
געהען מיר זיך, געהען מיר זיך אָט אַזוי,
זינגען מיר, זינגען מיר אַלע פיר,
געהען מיר, געהען מיר אויף אַ שפּאַציר . . .

3

טאַנצען ווינטלאך אויף די גאסען פראנק און פריי,
ס'וועט דער טאָג אַ ליכטיגער באַלד פאַרביי,
בענקען מיר, בענקען מיר, אַלע פיר,
געהען מיר, געהען מיר אויף אַ שפּאַציר . . .

4

קומט לבנה, קומט לבנה אין איהר פּראַכט,
ברענגט זי מיט זיך, ברענגט זי מיט זיך צויבער־נאַכט.
זינגען מיר, זינגען מיר אַלע פיר,
געהען מיר, געהען מיר, אויף אַ שפּאַציר . . .

# אונזערע חלוצים

Mesig

מוזיק פון ליפא פיינגאָלד

ir hot — mit blut in shweis ge-ze-tigt dos far-vis-te

feld — ir hot - dos lei-ben frai ge — ge — ben

chorus

un-zer shtol-zer — held ir cha-lut-zim in cha-lut-zos

shtol-ze kin-der fun a — dor — fun a-dor ———

ir hot far-virk-licht un-zer cho — lem, ta-ke — itz-ter oif der — wor. ir

hot far virk licht, un-zer cho-lom ta-ke itz-tert oif der wor.

1

. . . איר האָט מיט בלוט און שוויים געזעטיגט
דאָס פארוויסטע פעלד ;
איר האָט דאָס לעבען פריי געגעבען,
אונזער שטאָלצער העלד . . .

רעפריין

2

פאר זיך א ביידעל אויפגעשטעלט
אין רעגען אָהן א דאך,
מיט א שטיקעל ברויט א טרוקענם
אין חלומות רייך . . .

רעפריין

3

איר האָט א גלות מענטש דערהויבען
צו א שטאָלצען העלד,
איר האָט דאָס מדבר זאמד פערוואנדעלט
אין א גרינעם פעלד . . .

רעפריין

איר חלוצים און חלוצות,
שטאָלצע קינדער פון א דור,
איר האָט פארווירקליכט אונזער חלום
טאקע איצטער אויף דער וואָהר.

